.ער קאָמיטעט צו אָרגאַניזירען דעם אַלרוסל. יודישען צוזאַמענפאר.

# ווי אַזוי וועלען צוגעהן די וואַלען
## צום יודישען
# צוזאמענפאר

פון
בן-חיים.

פעטראגראד
דרוקעריי „טאָגבלאַט״, איזמאַילאָווסקי פר. 18.
1917.

# ווי אזוי וועלען צוגעהן די וואלען
# צום יודישען צוזאמענפאר.

## א.

# ווער וועט זיך באטייליגען אין די וואלען?

אַרום ענדע יאַנואַר 1918 דאַרף זיך עפענען דער ערשטער אַלע-רוסלענדישער יודישער צוזאַמענפאָר. דעם 7-טען, 8-טען און 9-טען יאַנואַר דאַרפען פאָרקומען די וואַלען צו דעם דאָזיגען צוזאַמענפאָר. ווי [illegible] זשע וואָלען זיין די וויילער, ווער דאַרף האָבען דעם רעכט [illegible] רעה ביי די וואַלען? אַז די וואַלען דאַרפען זיין אַלגעמיינע [illegible] יעדער דאַרף אָנטייל נעמען און אויסקלויבען די אַלרוסלענדישע [illegible] גאַניזאַציע, — דאָס איז קלאָר און דערין איז קיינער ניט מסופק. [illegible] האָט עס צו באַדייטען, אַז אַלע יודען דאַרפען האָבען וואַ[illegible] שוין ווי מאַקע וואָלען צו דער קלפי קומען אפילו קליינע קינדער אָדער מענשען, וואָס ווערען פון זינען אַראָב אָדער פאַרברעכער? דאָס איז געווים קיין שכל ניט — און ווי באַלד אַזוי, מוזען זיין געוויסע כללים, עס מוז זיין עפּעס אַ געשטעלטער סדר, ווער מען צולאָזען צו די וואַלען און ווער מען ניט. דיזעלביגע פראַגע האָבען געהאַט צו פאַרענטפערען די רוסלענדישע געלעהרטע און פּאָליטיקער, בעת זיי האָבען געשריבען דעם וואַל-געזעץ צו דער אַלרוסלענדישער גרינדונגס-פאַרזאַמלונג. נאָך אַ לאַנגען ישוב-הדעת האָבען זיי געגעבען אַן ענטפער אויף די פראַגען און מיט דעם דאָזיגען ענטפער באַנוצען זיך איצט אונזערע כללים פון די וואַלען צום יודישען צוזאַמענפאָר.

דעם 12-טען נאָיאַבר האָבען זיך אָנגעהויבען די וואַלען צו דער רוסלענדישער גרינדונגס-פאַרזאַמלונג און ס'האָבען געהאַט רעכט זיך צו באַטייליגען אין די דאָזיגע וואַלען אַלע רוסלענדישע בירגער, מאַנסבילען און פרויען, וואָס צום 12-טען נאָיאַבר 1917 זענען זיי אַלט געווען ניט ווייניגער ווי 20 יאָר. דאָס זעלבע וועט זיין ביי די וואַלען צו אונזער צוזאַמענפאָר, — דעם 7-טען יאַנואַר וועלען זיך אָנהויבען די וואַלען צום יודישען צוזאַמענפאָר און אַלע יודען רוסישע בירגער, וואָס וועלען צום 7-טען יאַנואַר אַלט זיין ניט ווייניגער ווי 20 יאָר, האָבען דאָס רעכט זיך צו באַטייליגען אין די דאָזיגע וואַלען.

אַלע הייסט ניט פשוטו כמשמעו — אַלע אָן אַן אויסנאַם. ערשטענס, האָבען ניט דאָס רעכט זיך צו באַטייליגען אין די וואַלען משוגע-

נע (דאָס הייסט יענע, וואָס מען האָט ווי אָפּיציעל חוקר ודורש געווען און איינגעפונען, אַז זיי ווערען פון זיינען גראָב) און טויב־שטומע (די ליעצטע נאָר אין דעם פאַל, אויב זיי געפינען זיך אונטער אַפּטרופּסות). צווייטענס, געהערען ניט צו די ווײלער אָנזעצער, ד. ה. יענע, וואָס האָבען באַנקראָטירט און מען האָט זיי דערפאַר גע'משפט און איינגעפונען, אַז זיי האָבען בכיון באַנקראָטירט. אויב אָבער עס איז איבער 3 יאָר, זינט געריכט האָט זיי אָנערקענט פאַר „ולאָסטניע באַנקראָט", באַקומען זיי יאָ דאָס וואַל־רעכט. דריטענס, האָבען ניט וואַל־רעכט פּערזאָנען, וואָס האָבען באַגאַנגען אַ קרימינאַל־פאַרברעכען און מ'האָט זיי דערפאַר גע'משפט און פאַר'משפט צו קאַטאָרגע, אַרעסטאַנטסקע ראָטעס אָדער טורמע. אויך בנוגע צו די דאָזיגע פאַרברעכער גילטען געוויסע טערמינען, ווי לאַנג זייער וואַל־רעכט איז גע'פסל'ט. אויב עס איז איבער 10 יאָר (אָדער 5 יאָר, אָדער 3 יאָר וועדליג דער וויכטיגקייט פון פאַרברעכען), זינט דער בירגער האָט אָבגעקומען די געזעצליכע שטראָף, ווערט ער ווידער אָנערקענט פאַר אַ פולבאַרעכטיגטען בירגער און האָט דאָס רעכט קומען צו די וואַלען. צולעצט בלייבט נאָך צו באַמערקען, אַז דעזערטירען, ד. ה. סאָלדאַטען, וואָס זענען ענטלאָפען פון מיליטער, האָבען אויך קיין וואַל־רעכט ניט.

דעם שכל פון די אַלע באַגרעניצונגען איז ניט שווער צו פאַרשטיין און סאַיז איבעריג אויסצוטייטשען, פאַרוואָס מען האָט גע'פסל'ט דאָס וואַל־רעכט פון משוגע'נע אָדער פאַרברעכער. אויך דאַרף מען געדענקען, אַז די אַלע באַגרעניצונגען באַטרעפען אַ גאַנץ קלייניטשקען טייל פון דער באַפעלקערונג, און מיר מעגען זאָגען, אַז אַלע יודען, עלטער פון 20 יאָר, מעגען זיך אין די וואַלען צום צוזאַמענפאָר באַטייליגען — אַלס ווײלער.

ווער זשע האָט דאָס רעכט אויסצושטעלען זיין קאַנדידאַטור, ווער טאָר אויסגעוויילט ווערען פאַר אַ מיטגליד פון דעם יודישען צוזאַמענפאָר? דערויף איז דער ענטפער גאָר אַ פשוט'ער: יעדער ווײלער מעג אַרויסשטעלען זיין קאַנדידאַטור, אָן שום באַגרעניצונגען, דאָס רעכט אויסגעוויילט צו ווערען פאַר אַ מיטגליד פון צוזאַמענפאָר איז אפילו ברייטער ווי דאָס רעכט צו זיין ווײלער. ווײלער מעג יעדער יוד זיין נאָר אין איין אָרט און מער ווי איין מאָל טאָר קיינער בעת די וואַלען ניט שטימען, — דערויף האָבען מיר דאָס גלייכע וואַל־רעכט, אַז אַלע מענס רעכט ביי די וואַלען זאָלען זיין איינע און דיזעלבע. וואָס אָנבעלאַנגט די רעכט אויסגעוויילט צו ווערען, מעג יעדערער אַרויסשטעלען זיין קאַנ־

דיראַטור צו גלייכער צייט אין פינף וואַל-קרייזען. דאָס הייסט ניט, אַז איינער און דערזעלביגער מענש זאָל טאָרען אָננעמען ביז פינף מאַנדאַטען און זיין אַ פינף-פאַכיגער מיטגליד פון צוזאַמענפאָר. אויפ'ן צוזאַמענפאָר וועט יעדערער האָבען נאָר איין מאַנדאַט. אָבער אונזערע כללים גיבען יעדען קאַנדידאַט דאָס רעכט צו פרובירען זיין גליק אין פאַרשיידענע ערטער, אָבער ניט מער ווי אין פינף: מאָמער וועט ער אין איין אָרט דורכפאַלען, וועט ער אפשר אין אַ צווייטען אָרט זוכה במאַנדאַט זיין. אָט דאָס איז מען מאַקע אויסען מיט דעם כלל, אַז יעדערער מעג זיין אַ קאַנדידאַט אין פינף וואַל-קרייזען — באַזאָרגען אונזערע כלל-טוער, אַז זיי זאָלען ניט בלייבען אויסען פון צוזאַמענפאָר מחמת צופעליגקייטען.

### ב.

## וואַל-קרייזען און וואַל-פונקטען.

כדי אַלע יודען-וויילער זאָלען אימשטאַנד זיין זיך צו באַטייליגען אין די וואַלען און כדי די וואַלען זאָלען אַלעמען באַפרידיגען, איז נויטיג איינטיילען דעם שטח פון רוסלאַנד אין וואַל-קרייזען. אַז פּראַקטיש, אַז פּרינציפּיעל זענען נויטיג די וואַל-קרייזען. וואָס אָנבעלאַנגט דער פּראַקטיק איז קלאָר פאַר יעדערן, אַז עס גייט ניט צו פאַראייניגען אין איין עדה אַלע יודען-וויילער פון גאַנץ רוסלאַנד: אַזוי ווי דער צוזאַמענפאָר דאַרף באַשטיין פון עטליכע הונדערט דעלעגאַטען, וואָלט דאָך יעדער וויילער געמוזט אָנרופען עטליכע הונדערט קאַנדידאַטען, און ווער איז אימשטאַנד אַזוינס צו טון? היינט דאָס צונויפציילען די וואַל-צעטלען וואָלט ביי אַזאַ סדר וואַלען געווען אַ מעשה אויף וואָכען און חדשים. מאַכט מען וואַלען אויפ'ן שטח פון אַזאַ לאַנד, ווי רוסלאַנד, איז אָן וואַל-קרייזען קאָן מען פשוט ניט אויסקומען.

עס איז אַ טעות אין פשט, ווען מען מיינט, אַז אויף די וואַל-קרייזען מוזען מיר איינגעהן על פי נויט און אַז בעצם איז דאָס אַ שעדליכע זאַך. גראַד פאַרקערט, — עס שטעקט אַ מעלה דערין, וואָס צו די וואַלען טיילען מיר איין די וויילער אין וואַל-קרייזען. עס איז וויכטיג, אַז אויפ'ן קומענדיגען צוזאַמענפאָר זאָלען מיר האָבען ניט סתם יודען-אָרטאָדאָקסען, יודען-ציוניסטען, יודען-סאָציאַליסטען א. אַז. וו., נאָר עס זאָלען קומען תושבים, יודען-פאָרשטייער פון פאַרשיידענע קאַנטען און געגענדען, כדי מיר זאָלען וויסען, ווי לעבט זיך יודען ביי פאַרשיידענע באַדינגונגען און מיר זאָלען קאָנען צופּאַסען די קומענדיגע אַלרוסלענדישע

ידישע אָרגאַניזאַציע צו די לעבענס־באַדינגונגען פון אַלע רוסלענדישע ידען.

פרעגט זיך איצט, ווי גרויס דאַרף זיין אַ וואַל־קרייז? דער וואַל־קרייז דאַרף ניט זיין צו גרויס, וואָרום ביי גרויסע וואַל־קרייזען וועלען מיר כמעט ווי נאָרנישט געווינען פון דער גאַנצער איינטיילונג, צו קליין טאָרען די וואַל־קרייזען אויך ניט זיין. אין קליינע וואַל־קרייזען שטעקט אַ דאָפּעלטע סכנה, ערשטענס, ברייננט מיט זיך אַ צו קליינער וואַל־קרייז, אַז די וויילער פאַרשטייען ניט ווי געהעריג די וויכטיגקייט פון דעם ענין און האָבען אין זינען מער די אינטערעסען פון זייער עדה, ווי דעם כלל, דעם גאַנצען קיבוץ רוסלענדישע ידען. צווייטענס, איז ביי קליינע וואַל־קרייזען ניטאָ קיין מעגליכקייט צו געבען אַ פאָרשטייערשאַפט אַלע שטרעבונגען און גרופּירונגען. וויפיל דעלעגאַטען קאָן אַ קליינער וואַל־קרייז שיקען צום צוזאַמענפאָר? העכסטענס 2–3. ווי זשע זאָלען די אָנהייגער פון אַלע אונזערע פּאַרטייען און גרופּען איינטיילען צווישען זיך אַט די 2–3 דעלעגאַטען? אין קליינע וואַל־קרייזען איז ניטאָ קיין אַנדער ברירה, ווי מאַכען די וואַלען על פּי רוב שטימען: ווער עס באַקומט מער שטימען פאַר אַנדערע, דער איז געוויילט. ניט אַזוי איז די זאַך אין גרעסערע וואַל־קרייזען. דאָ קענען מיר אימשטאַנד מאַכען פּ ר אָ פּ אָ ר צ י אָ נ ע ל ע  װ אַ ל ע ן. דאָס הייסט: די גרופּען, וואָס באַטייליגען זיך אין וואַל־קאַמף, וועלען באַקומען יעדערע איר חלק מאַנדאַטען לויט דער פּאָרציע, דער צאָל שטימען, מיט וועלכער די וויילער וועלען מזכה זיין זייערע קאַנדידאַטען. ביי אַ 15–10 דעלעגאַטען איז מעגליך דורכצופירען אַט אַזאַ גערעכטע פּראָפּאָרציאָנעלע איינטיילונג צו די מאַנדאַטען צווישען די פּאַרטייען און גרופּען, און דערפון איז געדרונגען, ווי גרויס עס דאַרף זיין דער וואַל־קרייז: די צאָל וויילער דאַרף קלעקען אויף אַן ערך 15 דעלעגאַטען.

אַזוי האָט מען טאַקע געטאָן ביים צונויפשטעלען די רשימה פון די וואַל־קרייזען. מען האָט צונויפגעפּאָרט די שכנישע אויעזדען פון איינער אָדער צוויי גוּבערניעס, און דערנאָך האָט מען גענומען אין באַטראַכט, אַז דער שטח פון יעדען וואַל־קרייז זאָל ניט זיין צו גרויס, כדי עס זאָלען ניט אַרויסקומען קיין שווערינקייטען ביים פאַרבינדען זיך און צונויפשרייבען זיך מיט די איינצעלנע קהלות אין דעם קרייז. אָט מחמת דעם טעם איז אין די גוּבערניעס פון דעם נייעם תחום און דער־איפּט אין די וויטע קאַנטען (סיביר) אויסגעקומען צו מאַכען וואַל־קרייזען מיט אַ בערך קליינע צאָל דעלעגאַטען (3–5–7).

יעדער וואַל־קרייז וועט בשעת די וואַלען בילדען אַ מין גרויסע קהלה פון זיך. איינע און די זעלבע קאַנדידאַטען וועלען זיין אין דעם גאַנצען קרייז, און אַלע שטימען פון דעם גאַנצען קרייז, אַלע וואַל־צעטלען וועלען זיך צונויפקומען אין איין אָרט. די וואַל־צעטלען, אָבער ניט די ווײַלער. ס'וואָלט געווען, למשל, אין דעם וויטעבסקער וואַל־קרייז אַ ווילדע זאַך, אויב מיר וואָלטען פון אַלע יודען פון וויטעבסקער, וועליזשער, האָראָדאָקער, דריסער און אַנדערע אויעזדען געפאָדערט, זיי זאָלען זיך דעם 7־טען יאַנואַר לאָזען אַלע קיין וויטעבסק אָבגעבען זייערע שטימען. אַזאַ טרחה מאַרען מיר פון דעם פשוט'ן ווײַלער ניט פאָדערן. מיר מוזען ברייגגען די וואַלען צום ווײַלער און ניט שלעפען דעם ווײַלער אין אַ פרעמדער שטאָט, – אַנדערש גערעדט: מיר מוזען האָבען אין יעדען וואַל־קרייז אַ סך וואַל־פונקטען.

וואו עס געפינט זיך אַ יודישע קהלה – דאָרט מעג זיין אַ וואַל־פונקט. יעדע קהלה מעג זיין אַ וואַל־פונקט – נאָר דאָס הייסט ניט, אַז אַלע קהלות אָן אויסנאַם מוזען בילדען פונקטען פאַר זיך. צופיל צוברעקלען די וואַל־אַרבייט איז ניט קיין שכל, און ס'איז געבליבען, מען זאָל מאַכען אָט אַזוי: יעדע שטאָט, יעדעס שטעטעל און בכלל יעדער ישוב בילדעט אַ באַזונדער וואַל־פונקט, אויב ער פאַרמאָגט ניט ווייניגער ווי צוויי הונדערט יודען־ווײַלער צום צוזאַמענפאָר. איז דער יודישער ישוב אַזוי קליין, אַז ער פאַרמאָגט ניט קיין אייגענע 200 ווײַלער, דעמאָלט פאַראייניגט ער זיך מיט אַ דערבייאיגען גרעסערען ישוב, וואָס בילדעט יאָ אַ וואַל־פונקט. אין אויסנאַם־פאַלען מעג מען מאַכען אַ וואַל־פונקט אפילו מיט ווייניגער ווי 200 יודען־ווײַלער.

דער וואַל־פונקט האָט ניט קיין זעלבשטענדיגע באַדייטונג בשעת די וואַלען, דאָס איז ניט מער ווי אַ רינג אין דער קייט פון דעם גאַנצען וואַל־קרייז. נאָר אַזוי ווי אָן די איינצעלנע רינגען איז די קייט ניטאָ, אַזוי איז אָן די וואַל־פונקטען ניטאָ קיין וואַל־קרייז.

אַ גרויסע און שווערע אַרבייט דאַרף צו די וואַלען אויסגעטון ווערען אין די איינצעלנע וואַל־פונקטען, און באַלד וועלען מיר זעהען, אין וואָס באַשטייט די דאָזיגע אַרבייט.

## ג.

## וואַל־ביוראָס און וואַל־קאָמיסיעס.

היות ווי יעדער וואַל־קרייז וועט זעלבשטענדיג אַרויסטרעטען ביי די וואַלען, דאַרף זיין אין יעדען קרייז אַ באַזונדער אַנשטאַלט, אַ פּאַר

ציעלע אינסטיטוציע, וואס זאל אנפירען מיט די וואלען, די ראווינע צושטאלט דארף ספעציעל לשם די וואלען באשאפען ווערען. אט דאס איז דער טעם, פארוואס אין יעדען וואל־קרייז וועט זיין א וואל־קרייז־ביורא (כמעט אין אלע קרייזען האבען זיך שוין געבילדעט די ראווינע ביוראס און האבען גענומען ארבייטען). בכדי אלע זאלען האבען צוטרוי צו דער וואל־ארבייט, און כדי מען זאל באמת זיכער זיין, אז אלץ וועט דערביי צוגיין כשורה, אן שום פערזענליכע אדער פארטייאישע פניות, דארף דאס וואל־ביורא זיין אן'אומפארטייאישע. יעדער יוד, אלץ איינס צי ער געהערט צו א וואסער ניט איז פון אונזערע פארטייען אדער ער איז א פשוט'ער כלל־ישראל־יוד, דארף וויסען, אז אין ביורא זיצט א מיטגליד, וואס אויף איהם מעג ער זיך לכל הדעות פארלאזען. ווי זשע פירט מען אויס אזא זאך? די וואל־כללים האבען עס אזוי פארענטפערט: אין קרייז־ביורא גייען אריין ערשטענס — דריי פארשטייער פון דער ארטיגער קהלה, צווייטענס, — צו איין פארשטייער פון יעטווידער ארטיגער יודישער געזעלשאפטליכער ארגאניזאציע און, דריטענס, — צו איין פארשטייער פון יעדער פארטיי־ארגאניזאציע. וואס זשע הייסט „ארטיגע קהלה"? די אמת'ע, די פאלקסטימליכע יודישע קהלה האלט ערשט אין געבויט ווערען, פון די גרעסערע יודישע ישובים האבען נאר עטליכע באוויזען איינצוקלייבען א וועד אויפ'ן יסוד פון אלגעמיינער אבשטימונג. אין די איבעריגע שטעט האבען מיר דערווייל שול־גבאים, וואס זענען ווייט ניט קיין פארשטייער פון דער גאנצער יודישער באפעלקערונג. און נאך א צווייטע קשיא: וואס הייסט „געזעלשאפטליכע ארגאניזאציע"? א תירוץ געפינען מיר אין די ערקלערונגען צו די וואל־כללים. דארט שטייט גענוי, ווי אזוי מען דארף זיך נוהג זיין ביים צונויפשטעלען דאס וואל־קרייז־ביורא. ווי באלד אויפ'ן ארט איז ניטא קיין נייע פאלקסטימליכע קהלה, געהערט דאס רעכט צו שיקען 3 פארשטייער אין וואל־קרייז־ביורא יענעם קאמיטעט, וואס ארגאניזירט דארטען איצט די אלגעמיינע וואלען צו דער קהלה, אויב די קהלה פירט זיך עד היום אויפ'ן אלטען שטייגער און פארמאגט ניט אזא קאמיטעט, איז דעמאלט דארף מען רופען אויף אן'אספה די גבאים פון אלע שולען, קלויזען און בתי־מדרשים (די „דוכאוונע" אדער „כאזיאיסטווענע" פראוולעניעס), כדי די אספה זאל פון זיך וויילען 3 פארשטייער אין וואל־ביורא. וואס אנבעלאנגט די „געזעלשאפטליכע ארגאניזאציעס", איז פאראן א פשוט'ער און בולט'ער סימן, ווי אזוי מען דערקענט אזא ארגאניזאציע: זי דארף האבען א געוויילטען קאמיטעט אדער א געוויילטע פארוואלטונג.

וואָס באַדײַט, אַז צו איין פאָרשטייער אין וואַל-ביוראָ מעגען שיקען אַלע קולטורעלע חברות, וואָס האָבען אַ געוויילטען קאָמיטעט, נאָכדעם קאָאָפּעראַטיווע און פּראָפעסיאָנעלע פאַראייניגען, לייה- און שפּאָר-קאַסעס, פּאָליטישע און אַרבײַטער-קלובען א. ז. וו., עס פאַרשטייט זיך, אַז אָרטיגע אָבטיילונגען פון די אַלרוסישע חברות, ווי די בילדונגס-חברה, די געזונדהייטס-געזעלשאַפט („אָזע"), דער „אָרט" (געזעלשאַפט פון מלאכה און ערד-אַרבײַט), „יעקאָפּאָ", „חובבי שפת עבר", פרײַנד-געזעלשאַפט, ווערען אויך אַרײַנגענומען אין דעם כלל געזעלשאַפטליכע אָרגאַניזאַציעס. פאַרקערט — אַלערהאַנד צדקה-חברות, ווי לינת-הצדק, בקור-חולים א. ז. וו., האָבען ניט דאָס רעכט זיך צו באַטייליגען דורך פאָרשטייער אין דעם וואַל-קרייז-ביוראָ.

מיר האָבען בכיון מאריך געווען וועגען דער צונויפשטעלונג פון די וואַל-קרייז-ביוראָס, וואָרום פונקט אויף דעם זעלבען אַרט און שטייגער דאַרף צונויפגעשטעלט ווערען אין יעדען וואַל-פונקט אַ באַזונדערע וואַל-קאָמיסיע. אַקוראַט ווי דאָס וואַל-ביוראָ, באַשטייט יעדע קאָמיסיע פון דרײַערלײַ מיטגלידער: דרײַ פאָרשטייער פון דער קהלה (אָדער פון דער אָרגאַניזאַציאָנס-קאָמיסיע, אָדער פון די שול-גבאים), צו איין פאָרשטייער פון יעדער פאַרטייאישער אָרגאַניזאַציע, און צו איין פאָרשטייער פון יעדער געזעלשאַפטליכער אָרגאַניזאַציע.

די וואַל-קאָמיסיע — דאָס איז די אַנשטאַלט, וואָס איז מחויב צו אָרגאַניזירען די וואַלען אין דעם קליינעם תחום פון וואַל-פונקט און האָט אַכטונג צו געבען, אַז די אָבשטימונג זאָל אין דעם פונקט ריכטיג פאָרקומען. אָבער אַז מען הייבט אָן די אַרבײַט, איז נאָך ווײַט צו דער אָבשטימונג. עס פאָדערט זיך אַ היבש ביסעל הכנות, ביז וואַנען מיר וועלען קומען צום אָבגעבען די שטימען, און מיט די דאָזיגע הכנות האָבען זיך צו פאַרנעמען די ביוראָס און קאָמיסיעס.

ווי נאָר עס בילדעט זיך אַ וואַל-קרייז-ביוראָ, דאַרף דאָס ביוראָ פונאַנדערטיילען דעם קרייז אויף וואַל-פונקטען, און פון דעם פריערדיגען קאַפּיטעל ווייסען מיר, אַז די זאַך איז ניט אַזוי פּראָסט. אַלערלײַ שוועריגקייטען קאָנען זיך מעלדען דערבײַ בפרט איצט, ווען מיר האָבען פון איין זייט אַ סך נײַע יודישע ישובים און פון דער אַנדער זייט שטויסען מיר זיך אָן כסדר אויף שטערענישען אין דער אַרבײַט פון פּאָסט, טעלעגראַף און באַן. דער עיקר אין דער פונאַנדערטיילונגס-אַרבײַט דאַרף זײַן — אַרײַנטרעטען אין פאַרבינדונגען מיט אַלע יודישע ישובים פון דעם וואַל-קרייז, אויפקלערען אַלעמען מכח דער וויכטיגקייט

פון דער אַרבייט און זעהן, אַז קיינער זאָל ניט בלייבען שטיין אָן אַ זייט, אַז ביי אַלעמען זאָל דערוועקט ווערען אַ אינטערעס צו דער גרויסער פאָלקס-זאַך. ווייטער דאַרף מען זעהן אומעטום צו אָרגאַניזירען די וואַל-קאָמיסיעס און אָרגאַניזירען זיי ווי געהעריג, ווי עס הייסען די וואַל-כללים. דאָס גלייכסטע, פאַרשטייט זיך, וועט זיין, אויב די קלענערע און קלייניגע ישובים וועלען ניט וואַרטען ביז וואַנען עס וועט אָנקומען צו זיי אַ בשורה פון דער קרייז-שטאָט, און וועלען אַליין נעמען וואָס ניכער אָרגאַניזירען ביי זיך די וואַל-קאָמיסיעס. מען דאַרף נאָר גלייך, ווי אַ וואַל-קאָמיסיע האָט זיך געבילדעט, לאָזען וויסען וועגען דעם אין קרייז-וואַל-ביוראָ, כדי עס זאָל זיין אַ פּלאַן און אַן אָרדנונג אין דער גאַנצער זאַך און כדי עס זאָל קיין פּלאָנטער ניט אַרויסקומען.

## ד.

## רשימות פון די וויילער.

ווי נאָר אַ וואַל-קאָמיסיע האָט זיך געבילדעט, דאַרף זי נעמען צונויפשטעלען די רשימה פון די וויילער צום צוזאַמענפאָר.

די לעצטע צייט האָבען מיר זיך אין רוסלאַנד אַזוי פיל מתעסק געווען מיט וואַלען, אַז יעדער פאַרשטייט איצט דעם שכל און דעם נוצען פון וואַל-רשימות. אַמאָל, אין אונזערע אַלטע קהלות, האָט מען ביי אַ קלפּי געקאָנט אויסקומען אָן רשימות, וואָרום מען האָט געקענט פערזענליך איינער דעם אַנדערען. אין די מערסטע קהלות האָבען איינ-גענטליך געהאַט אַ דעה נאָר די פּני, דער המון איז געווען בל"ק ובל"ד (בלי קלפּי ובלי דעה), און ווידער האָט מען קיין רשימות ניט געדאַרפט. אַנדערש איז ביי אמת'ע פאָלקס-וואַלען, ווי מיר ווילען זיי איצט מאַכען. דאָ מוז מען דורכאויס צונויפשטעלען אַ רייסטער, אַ רשימה פון אַלע וויילער, כדי מען זאָל אויף גענוי וויסען, ווער מעג זיך באַטייליגען אין די וואַלען צום צוזאַמענפאָר און ווער ניין.

אַזעלכע רשימות האָט מען איצט אומעטום אין רוסלאַנד צונויפ-געשטעלט פריער צו די שטאָטישע וואַלען (אין די העריפער — צו די דאָרפישע וואָלאָסטניע וואַלען) און נאָכדעם צו דער גרינדונגס-פאַרזאַמ-לונג. בכן איז דער ווענ, מיט וועלכען עס דאַרפען גיין אונזערע וואַל-קאָמיסיעס, אַ פּשוט'ער: מען דאַרף זיך פאַרשאַפען אַ צוטריט צו די אַלגעמיינע וויילער-רשימות און אַרויסנעמען פון זיי אַלע יודישע פאַמי-ליעס. די רשימות צו דער גרינדונגס-פאַרזאַמלונג ווענען שפּעטער, און

בּעסער צונויפֿגעשטעלט, מחמת דעם װעגען װי בּילכער און אויף װי װײַט מעגליך מוז מען זיך דוקא מיט זײַ בּאַנוצען, אָבּער מיט אָבּשרײַבּען די יודישע נעמען פֿון די אַלגעמײַנע רשימות טאָרען זיך אוניבּערע קאָמיסיעס ניט בּאַנוגענען. מען דאַרף גוט דורכקוקען די אָבּגעשריבּענע רשימה, טאָמער האָט מען אימיצען אויסגעלאָזען אָדער פֿאַרקערט — טאָמער האָט מען פֿאַרשריבּען אַזאַ, װאָס האָט ניט קײן װאַל-רעכט, און מען דאַרף אויסבּעסערן די רשימה.

ניט שפּעטער װי דרײַ װאָכען פֿאַר'ן ערשטען טאָג פֿון די װאַלען צום צוזאַמענפֿאָר דאַרף די װאַל-קאָמיסיע פֿון יעדען פּונקט פּאַרטיג װערען מיט'ן צונויפֿשטעלען די װאַל-רשימה און דערמאָלט דאַרף זי בּאַקאַנען דעם עולם מיט איר אַרבּײַט: די רשימה מוז מען אַרויסשטעלען אין אַן עפֿענטליכען אָרט, װאו יעדער אײנציגער זאָל אין משך פֿון גאַנצען טאָג מעגען אַרײַנגײן און א קוק טון, װער שטײט פֿאַרשריבּען אין דער רשימה און װער נײן.

א קוק טון די רשימה — מײנט מען ניט גלאַט אַזוי, „אַ'ף טשיקאַװעס". נײן. מיט'ן אַרויסשטעלען די רשימה איז מען מוסר מודעה, אַז יעדער װײלער מעג קומען קאָנטראָלירען די רשימה און פֿאָדערן, מען זאָל זי אויסבּעסערען, אויב ער האָט מעשונען אין איר א טעות אָדער א חסרון. װאָרום גײדענקען דאַרפֿען מיר, אַז װי די װאַל-קאָמיסיע זאָל זיך ניט פֿלײַסען ערליך און פּינקטליך צו זײַן, איז אַלץ קאָנען גרײַליך געמאָלט זײַן פֿעלערן אין איר אַרבּײַט. בּכן דאַרפֿען אַלע, דער גאַנצער כּלל זיך בּאַטײליגען אין אויסבּעסערן די רשימה. הי: ושע דאַרף מען זיך דערבּײַ בּאַגײן? נאָכדעם װי די װאַל-קאָמיסיע האָט עפֿענטליך אַרויסגעשטעלט די װאַל-רשימה, האָט יעדער װײלער א חאָדיש צײַט אויף צו קומען מיט זײַנע טענות און תּביעות. האָט דער װײלער אײַנגעזעהן א טעות אָדער אַ חסרון אין דער רשימה (מען האָט פֿאַרגעסען צו פֿאַרשרײַבּען אים אָדער זײַנעם אַ פֿרײַנד, אָדער פֿאַרקערט — מען האָט אימיצען פֿאַלש פֿאַרשריבּען אָדער אַ טעות געהאַט אין נאָמען—אין אַדרעס א. ד. גל.), דאַרף ער זיך װענדען מיט אַנ'אָנקלאָגע טאַקע צו דער זעלבּער װאַל-קאָמיסיע, װאָס האָט צונויפֿגעשטעלט די רשימה; די אָנקלאָגע דאַרף מען דערלאַנגען אין משך פֿון דער װאָך צײַט, ניט שפּעטער. די קאָמיסיע בּאַקענט זיך מיט דער אָנקלאָגע, און אויב די טענה איז אַ ריכטיגע, מעג זי בּאַפֿרידיגען די תּביעה. דערמאָלט איז זי עס מודיע דעם אָנקלאָגער און, עס פֿאַרשטײט זיך, אַז גלײַכצײַטיג איז די קאָמיסיע מחויב אויסצובּעסערן די רשימה, װי דער אָנקלאָ-

מער האָט עס געפֿאָדערט, אויב די קאָמיסיע האָט ניט באַפֿרידיגט די אָנ־קלאָגע, איז זי מחויב אין משך פֿון דריי טעג איבערשיקען די אָנקלאָגע (מיט אַלע נויטיגע פּאַפּירען) דעם וואַל־קרייז־ביוראָ. דאָס ביוראָ פּסק'נט די זאַך און לאָזט וויסען דער קאָמיסיע, וואָס זי האָט באַשלאָסען, און די קאָמיסיע איז מחויב צו טון, ווי דאָס ביוראָ הייסט.

יעדער יוד האָט בכן די מעגליכקייט זיך צו באַטייליגען אין דער חיכטיגסטער אַרבייט פֿון צוזאַמענשטעלען די וויילער־רשימות, און יעדער יוד דאַרף זעהן מיטהעלפֿען דערצו, אַז די ערשטע אַלרוסלענדישע יו־דישע פּאָליטישע פֿאָלקס־ציילונג זאָל דורכגיין וואָס בעסער. די וואַל־קאָ־מיסיעס טאָרען זיך ניט פֿוגדערסטוועגען פֿאַרלאָזען דערויף, אַז יעדער יחיד וועט אַליין קומען און פֿאַרטיידיגען זיינע רעכט צו שטיין אין דער רשימה, — זיי מוזען אָנווענדען וואָס מער מיה כדי לכתחלה אַלעמען אַריינצושרייבען אין די רשימות פֿון די וויילער.

## ה.

## די קאַנדידאַטען־ליסטעס און די נומערן.

די וואַלען צום יודישען צוזאַמענפֿאָר וועלען זיין פּ ר אָ פּ אָ ר־צ י אָ נ ע ל ע. דערפֿון איז געדרונגען, אַז מען דאַרף אַפֿריער מעלדען די קאַנדידאַטען און אַז דעם וואַל־קאַמף וועלען פֿירען ניט קאַנדידאַטען־יחידים, נאָר גרופּעס קאַנדידאַטען, פֿ אַ ר אַ י י נ י ג ט יעדע גרופּע אין אַ באַזונדער ל י ס ט ע. יעדער וואַל־קרייז וועט האָבען זיינע באַזונדערע קאַנדידאַטען־ליסטעס, און כדי עס זאָל גרינג זיין צו דערקענען יעדע ליסטע און אונטערשיידען איין ליסטע פֿון דער צווייטער, וועט יעדע ליסטע האָבען אַ נ ו מ ע ר.

מיט דער סדרה נומערן איז דער לעזער געוויס באַקאַנט אָדער פֿון די שטאָטישע וואַלען, אָדער פֿון די וואַלען צו דער גרינדונגס־פֿאַר־זאַמלונג. אַ באַלטאַווער יוד, למשל, ווייסט איצט, אַז צו דער גרינדונגס־פֿאַרזאַמלונג איז אין זיין גובערניע געגאַנגען די „יודישע פֿאָלקס־פּאַר־טיי" מיט № 1, „פּועלי־ציון" האָבען געהאַט דעם № 4, דער „נאַ־ציאָנאַל יודישער קאָמיטעט" — דעם № 6, א. אַז. וו. אַזעלכע ליסטעס־נומערן וועלען זיין אויך ביי אונזערע יודישע וואַלען. נאָר איין חילוק וועט יאָ זיין דערביי. צו דער גרינדונגס־פֿאַרזאַמלונג האָט זיך יעדע גו־בערניע געהאַט אירע נומערן, און קיין שום פֿאַרבינדונג צווישען די נו־מערן פֿון צוויי גובערניעס איז ניט געווען. אָקאָרשט האָבען מיר, למשל,

געוועהן, אַז אין פּאָלטאַווע האָבען די „פּועלי ציון" געהאַט דעם № 4, און אין יעקאַטערינאָסלאַוו האָט די זעלבע פּאַרטיי באַקומען דעם № 8; דער נאַציאָנאַל-יודישער בלאָק, וואָס אין פּאָלטאַווע האָט איהם געהערט № 6, איז אין וויטעבסק געגאַנגען מיט'ן № 7, אין טשערניגאָוו מיט'ן № 4 א. אַז. וו. דאָס זעלבע איז מיט אַלע אַנדערע פּאַרטייען. סיידען צופעליג האָט זיך געקאָנט מאַכען, אַז אַ פּאַרטיי זאָל אין עטליכע גובערניעס האָבען צו דער גרינדונגס-פאַרזאַמלונג איין און דעם זעלבען נומער.

אַנדערש איז מיט די נומערן צום יודישען צוזאַמענפאָר. די פּאַרטייען און אָרגאַניזאַציעס, וואָס האָבען מיטגלידער אין אַ סך שטעט מיט אַ צענטראַל-קאָמיטעט בראש, האָבען באַקומען דאָס רעכט צו פאָדערן פאַר זיך איין און די זעלבע נומער אין אַלע וואַל-קרייזען. זיבען פּאַרטייען האָבען זיך באַנוצט מיט דעם דאָזיגען זכות, האָבען געפאָדערט פון דעם הויפּט-וואַל-ביוראָ אַ נומער אויף גאַנץ רוסלאַנד, און האָבען זוכה בגורל געווען פאָלגענדע נומערן: № 1 — די פאָלקס-גרופּע, № 2 — די פאַראייניגטע סאָצ. יוד. אַרבייטער-פּאַרטיי, № 3 — דער אָרטאָדאָקסער בלאָק „אַחדות", № 4 פאָלקס-פּאַרטיי, № 5 — בונד, № 6 — ציוניסטען, № 7 — פּועלי-ציון.

ציי הייסט עס, אַז אין יעדען וואַל-קרייז מוזען איצט דורכאויס זיין קאַנדידאַטען-ליסטעס פון די אַלע זיבען אויסגערעכענטע פּאַרטייען און אָרגאַניזאַציעס? דערויף מוז מען ענטפערן — ניין. דאָס הויפּט-וואַל-ביוראָ און די פּאַרטייאישע קאָמיטעטען זעגען דורכגעקומען וועגען די נומערן, אָבער וואָס אָנבעלאַנגט מעלדען אין אַ וואַל-קרייז אַ קאַנדידאַטען-ליסטע, געהערט דאָס צו די אָרטיגע ווייַלער. און אַט ווי אַזוי מען וועט זיך דערביי נוהג זיין.

אין יעדען וואַל-קרייז מעג יעדע גרופּע ווייַלער, אויב זי פאַרמאָגט ניט ווייניגער ווי 50 מענשען, מעלדען איהרע אַ קאַנדידאַטען-ליסטע. יעדער ווייַלער מעג זיין קאַנדידאַט וואו ער וויל נאָר. קיין איין קאַנדידאַט טאָר מען ניט אַרויסשטעלען אָן זיין הסכם. בכן איז צוזאַמען מיט דער ליסטע דאַרף מען דערלאַנגען אַ שריפטליכע מעלדונג פון די קאַנדידאַטען, אַז זיי זענען מסכים זיך צו באַלאָטירען אין דער ליסטע 1), צווייטענס

---

1) אָבער אויב צענטראַלע קאָמיטעטען פון פּאַרטייען ערקלערען, אַז די אָדער יענע פּערזאָן, וואָס איז אַרויסגעשטעלט אין זייער קאַנדידאַטען-ליסטע, איז מסכים זיך צו באַלאָטירען, איז שוין מעה ניט

מעג איין און די זעלבע פּערזאָן שטיין בלויז אין איין קאַנדידאַטען־ליסטע, — וואָרום אין פּאָליטיק גייט ניט צו טאַנצען אויף צוויי חתונות מיט אַמאָל. ווי פיל דעלעגאַטען עס שיקט דער קרייז צום צוזאַמענפאָר, אַזוי פיל קאַנדידאַטען מוז מען אָנשרייבען אין דער ליסטע. אָבער קיין מוז איז דאָס ניט, — אַ שוואַכע גרופּע, וואָס האָפט ניט צו געווינען אַ סך מאַנדאַטען, מעג זיך באַגנוגענען מיט אַ קלענערער צאָל קאַנדידאַטען. זי מעג אַרויסשטעלען אפילו נאָר איין קאַנדידאַט, דאָס איז איר זאַך 2).

די קאַנדידאַטען־ליסטעס מוז מען אָנגעבען אין וואַל־קרייז־ביוראָ ניט שפּעטער ווי דעם 22־טען דעקאַבר. ווער עס וועט דעם טערמין פאַרזאַמען, יענעמס ליסטע איז ממילא בטל. די ליסטעס, וואָס זענען אָנגעקומען צו דער צייט, באַטראַכט דאָס וואַל־ביוראָ, און אויב ס'איז אַלץ אין דער ליסטע לויט די כללים (עס זענען פאַראַן התימות ניט ווייניגער ווי פון 50 וויילער און שריפטליכע הסכמות פון די קאַנדידאַטען), איז דאָס ביוראָ מחויב צו פּובליקירען די ליסטע מיט אַ נומער. דערביי איז איינס פון די ביידע, געהערט די גרופּע וויילער צו אַ פּאַרטיי, וואָס פאַרמאָגט אַן אַלרוסלענדישע נומער, שטעלט מען גלייך דעם פּאַרטיי־נומער אויף דער ליסטע. אויב ווידער עס קומט מיט איר ליסטע אַ גרופּע וויילער, וואָס געהערט ניט צו די פריער אויסגערעכענטע זיבען פּאַרטייען, אויב עס קומט, למשל, אַ גרופּע, וואָס האָט זיך ספּעציעל געגרינדעט אין דעם וואַל־קרייז לשם די וואַלען, גיט מען איר אַ נייעם נומער: 8 №, 9 №, 10 № א. אַז. וו. דאָס וואַל־קרייז־ביוראָ וועט נומערירען די ליסטעס כסדר, ווי זיי ווערען דערלאַנגט, אָנהויבענדיג מיט'ן 8 №, און וואָסער ליסטע עס וועט פריער אָנקומען אין ביוראָ, די וועט באַקומען אַ קלענערן נומער.

עס קאָנען זיך מאַכען דערביי סכסוכים צווישען די וויילער און

---

נ ו י ט י ג, אַז דער קאַנדידאַט גופא זאָל נאָך אַליין אויך מעלדען וועגען דעם.

2) אַ שטאַרקע גרופּע ווידער, וואָס רעכענט דורכצופירען אַ סך קאַנדידאַטען אירע, קאָן אַרויסשטעלען אין איר קאַנדידאַטען־ליסטע אָנדערטהאַלבען מאָל אַזוי פיל נעמען, ווי פיל דעלעגאַטען דער וואַל־קרייז האָט צו שיקען צום צוזאַמענפאָר. דער שכל דערפון איז אָט־וואָס: טאָמער וועלען עטליכע קאַנדידאַטען אויסגעוויילט ווערען אין אַנדערע קרייזען און זיי וועלען גיין צום צוזאַמענפאָר פון יענע קרייזען, זאָלען ביי דער גרופּע פאָרט קלעקען קאַנדידאַטען.

דעם קרייז-ביוראָ. דאָס ביוראָ קאָן, למשל, פּסל'ענען אַ וואָסער ניט איז קאַנדידאַטען-ליסטע, און די גרופּע, וואָס האָט דערלאַנגט די ליסטע, קאָן דערין איינזעהן אַנ'אומרעכט אַקעגען איר. ס'קאָן אויך פּאַרקערט געמאָלט זיין, אַז דאָס ביוראָ וועט אַ ליסטע יאָ אָננעמען, און אַנדערע וועלען זאָגען, אַז עס האָט אַזוינס ניט געטאָרט. בכן דאַרף מען וויסען, אַז איבער אַלע קרייז-ביוראָס שטייט דאָס הויפּט-וואַל-ביוראָ אין פּעטראָגראַד: ווער עס מעפּינט, אַז דאָס קרייז-ביוראָ האָט באַגאַנגען אַנ'אומרעכט אָדער אַ טעות געהאַט מיט זיין באַשלוס, מעג זיך באַקלאָגען דערויף. מיט אַלע טענות און אָנקלאָגעס מוזען די וויילער קומען ניט אַנדערש ווי צום קרייז-ביוראָ. דאָס קרייז-ביוראָ האָט די ברירה, אָדער באַפרידיגען די תביעה, אָדער איבערשיקען די טענה — מיט זיינע ערקלערונגען — אין הויפּט-וואַל-ביוראָ, און ווי דאָס הויפּט-ביוראָ וועט פּסק'ענען, אַזוי בלייבט עס.

ווי באַלד אַ גרופּע וויילער האָט אַוועקגעשטעלט אַ קאַנדידאַטען-ליסטע, געניסט זי אַ באַזונדערן זכות: זי מעג שיקען אירען אַ פאָרשטייער אין וואַל-קרייז-ביוראָ און אין די קרייז-קאָמיסיעס (אויב זי האָט שוין ניט דאָרטען קיין פאָרשטייער פון אָנפאַנג אָן אַלס אַ פּאַרטייאישע אָרגאַניזאַציע).

ערב די וואַלען איז דאָס קרייז-וואַל-ביוראָ מחויב צו פּובליקירען אַלע קאַנדידאַטען-ליסטעס מיט זייערע נומערן, און דערמיט וועט זיין אָנגעטון איין העלפט פון דער וואַל-אַרבייט.

ו.

## די אפשטימונג.

ווי נאָר די וואַל-קאָמיסיעס וועלען פאַרטיג זיין מיט'ן צונויפשטעלען די רייסטערס וועלער, דאַרפען זיי נעמען זאָרגען מכח אַלע מאַטעריאַלען, וואָס זיינען נויטיג צו מאַכען די וואַלען. גלייכער איז נאָך באַצייטענס זיך נעמען צו דער דאָזיגער אַרבייט, ד. ה. נעמען צוגרייטען ציינגישען, וואַל-צעטלען, קאָנווערטען. די וואַל-קרייז-ביוראָס וועלען אָדער אַליין איינקויפען דאָס אַלץ און פונאַנדערשיקען די קאָמיסיעס פון די איינצעלנע פּונקטען, אָדער זיי וועלען לאָזען וויסען אַלע וואַל-קאָמיסיעס, וואָס זיי האָבען צו טון אין דעם פרט, כדי זיך אויפ'ן אָרט צו פאַרשאַפען די מאַטעריאַלען. אַזוי צי אַזוי — מוז די וואַל-קאָמיסיע אַזוי אויסשטעלען די אַרבייט, אַז ערב די וואַלען זאָל יעדער וויילער באַ-

קומען דרײַ זאַכען: אַ צײַכניש, אַ וואַל-צעטעל און אַ קאָנווערט.

אין צײַכניש דאַרף שטיין אויסגעשריבען, אַז פּלוני בן פּלוני איז פאַרצײַכענט אין דער רײַסטער וויילער אונטער דער און דער נומער און צו די וואַלען וועלען פאָרקומען אין דעם און דעם אָרט. דעם אָרט פון דער אָפּשטימונג איז די וואַל-קאָמיסיע מחויב צוגרייטען בײַצײַטענס — געוויינליך באַנוצט מען זיך דערצו מיט קהל-שטוב, מיט אַ שול א. דאָס גלײַכען. מען דאַרף דאָרט צוגרייטען אַלע מכשירים, דער עיקר — אַ וואַל-קעסטעל, מיט אַ שפּאַלט און דעקעל אויף אַרײַנצוואַרפען די קאָנווערטען מיט די וואַל-צעטלען, און אײַנעם אָדער עטליכע אָפּגעזונדערטע טישען מיט שרײַב-געצײַג. די אָפּגעצאַמטע אָדער אָפּגעזונדערטע טישען זײַנען נויטיג, כדי יעדערער זאָל האָבען די מעגליכקײַט בײַ דער אָפּשטימונג טפאַ אָנצושרײַבען זײַן וואַל-צעטעל געהיימערהייט, און קיינער זאָל ניט זעהן, וואָס ער האָט אָנגעשריבען.

דאָס וואַל-צעטיל איז אַן אָפּגעדרוקט אַכטעל בויגען שרײַב-פּאַפּיר, און אויף אים דאַרף דער וויילער אָנשרײַבען די נומער פון יענער קאַנדידאַטען-ליסטע, וואָס האָט בײַ אים אויסגענומען. דער קאָנווערט איז נויטיג, כדי בעסער צו באַוואָרענען דעם סוד און די אָרדנונג בײַ דער אָפּשטימונג. אַ וואַל-צעטיל מוז מען דערלאַנגען ניט אַנדערש ווי אין אַ קאָנווערט, געשטעמפּעלט פון דער וואַל-קאָמיסיע.

די אַלע דרײַ זאַכען — צײַכניש, וואַל-צעטיל, קאָנווערט — איז די וואַל-קאָמיסיע מחויב פונאַנדערצושיקען בײַצײַטענס: דורך פּאָסט, דורך שמשים, שלוחים א. אַז. וו., ווי עס לאָזט זיך, לויט די אָרטיגע באַדינגונגען. טאָמער וועט אימיצער פון די וויילער צופעליג די מאַטעריאַלען ניט באַקומען, דאַרף ער זיך ווענדען אין וואַל-קאָמיסיע און פאָדערן פאַר זיך די צײַכניש און ז. וו.

נאָך אײַנס איז דאָס וואַל-קרײַז-ביוראָ און די וואַל-קאָמיסיע מחויב אָפּצוטאָן: וואָס ברייטער באַקענען דעם עולם מיט די אָנגענומענע קאַנדידאַטען-ליסטעס, כדי יעדער אײַנציגער זאָל וויסען מי ומי ההולכים. עס פאַרשטייט זיך, אַז אין וואַל-לאָקאַל, אין שטוב, וואו עס וועט פאָרקומען די אָפּשטימונג, דאַרפען אויך זײַן אַלע קאַנדידאַטען-ליסטעס, כדי יעדער זאָל אין זיי קאָנען אַרײַנקוקען.

די סאַמע אָפּשטימונג וועט דויערן, ווי באַוואוסט, דרײַ טעג צײַט. אין משך פון די דאָזיגע דרײַ טעג וועלען די וואַל-קאָמיסיעס אין יעדען פּונקט זײַן אָפען דעם גאַנצען טאָג, ד. ה. פון 9 אין דער פריה ביז 9 אין אָוונד, און ווען דעם וויילער איז באַקוועמער — מעג ער קומען

צו דער אָפּשטימונג. אײן זאַך מוז ער נאָר גוט געדענקען, דער װײלער מוז זיך פּערזענליך באַטײליגען אין דער אָפּשטימונג. אַרײַנשיקען דעם װאַל־צעטל דורך אַ שליח, אָפּשטימען במסירת קולמוס — דאָס גײט ניט, דאָס טאָר פאַר קײן פאַל ניט דערלאָזען װערען. מיטגלידער פון אײן און דערזעלבער פאַמיליע מוזען אױך קומען צו דער אָפּשטימונג יעדערער באַזונדער — עס גײט ניט, אַז אײנער זאָל אָפּשטימען פאַר עטליכע. פאָלקס־װאַלען איז אַזאַ װיכטיגע און ערנסטע אָנגעלעגענהײט, אַז װער עס װיל זיך ניט מטריח זײַן און קומען אין װאַל־הױז, יענעמס שטים איז מאַקע ניט װערט אַרײַנגערעכענט צו װערען.

װי זשע װעט צוגײן די עצם אָפּשטימונג? אַרײַנגײענדיג אין חדר, װאו עס זיצט די װאַל־קאָמיסיע, באַװײַזט דער װײלער זײַן צײַגניש. טאָמער װערט בײַ דער קאָמיסיע אַ ספק, צי איז דאָס באמת די פּערזאָן, װאָס שטײט אָנגערופען אין צײַגניש, מעג די קאָמיסיע פאָדערן פון דעם װײלער אַ פּאַס אָדער אַן אַנדער דאָקומענט. אַזעלכע פאַלען װעלען איבעריגענס זעלטען טרעפען. געװײנליך, װעט דער װײלער דערלאַנגען זײַן צײַגניש און דערױף װעט מען אים צולאָזען צו דער אָפּשטימונג, ד. ה. ער װעט דעם קאָנװערט מיט'ן װאַל־צעטל דערלאַנגען דעם פאָרזיצענדען פון דער קאָמיסיע. דער פאָרזיצענדער װעט פאַר דעם װײלער אין די אױגען אַרײַנװאַרפען דעם קאָנװערט אין װאַל־קעסטל. אין דער רשימה פון די װײלער מוז מען גלײַך אױסמעקען דעם נאָמען פון דעם װײלער (כדי עס זאָלען ניט זײַן קײן פעלשונגען, כדי אײנער זאָל ניט קומען צװײ מאָל אָפּגעבען אַ שטים).

דאָס איז אַלץ גערעדט מכח יענע װײלער, װאָס װעלען פון דער הײם קומען אין װאַל־הױז מיט אַ פאַרטיגען צעטל, אָנגעשריבען, אַרײַנגעלעגט אין קאָנװערט און פאַרקלעפּט. ס'קאָנען זיך אָבער און עס װעלען זיך געװיס געפינען װײלער, װאָס ערשט אין װאַל־הױז װעלען זײ נעמען שרײַבען דעם צעטל. אָט דערױף מוז מען עס האָבען אין װאַל־חדר די אָפּגעצאַמטע אָדער אָפּגעזונדערטע טישען, כדי אַזעלכע װײלער זאָלען זיך בײַם טיש קאָנען אַװעקזעצען, אָנשרײַבען זײער צעטל, אַרײַנלעגען אים אין קאָנװערט און פאַרקלעפּען. די טישען זײַנען נױטיג, כדי די אָפּשטימונג זאָל באמת זײַן אַ געהײמע. נאָר אױב עס געפינט זיך אַ װײלער, װאָס װיל ניט באַהאַלטען דעם נומער, װאָס ער שרײַבט אױפ'ן צעטל, דאַרף מען אים ניט שטערען — דאָס איז זײַן זאַך. עס קאָנען זיך אױך געפינען װײלער, װאָס שלאָגען זיך מיט דער דעה, און אין סאַמע װאַל־צימער װעלען זײ פרעגען עצות פאַר װעמען צו שטי־

מען? אויף אַזעלכע פראַגען טאָר מען זיי ניט ענטפערן, מחמת קיין שום אַגיטאַציע טאָר אין וואַל-צימער ניט געפירט ווערען. און וואַל-שטוב מוז אַלץ צוגיין שטרענג אונפּאַרטייאיש. דאָס איינציגע, וואָס מען מעג אין וואַל-צימער, איז: געבען דעם וויילער אַלע קאַנדידאַטען-ליסטעס און זאָגען אים, אַז ער זאָל זיך אַליין אויסקלייבען וואָסער נומער ער וויל.

די גאַנצע צייט זאָגען מיר, אַז דער וויילער דאַרף אָנשרייבען זיין וואַל-צעטיל, ד. ה. אָנשרייבען אויפ'ן צעטיל די נומער פון דער ליסטע, וואָס איז איהם געפעלען. אָבער דאָס הייסט ניט, אַז דער וויילער האָט קיין אַנדער ברירה ניט, ווי נאָר אַליין, בכבודו ובעצמו, אָנשרייבען די נומער. דאָס איז לאו דוקא. דער וויילער מעג זיך באַנוצען אויך מיט געדרוקטע, געשריבענע און וואָסערע ניט איז אַנדערע וואַל-צעטלען, וואָס ווערען פאַרשפּרייט פון פּאַרטייען, גרופּען, פּריוואַט-לייט א. ז. וו. — אַזעלכע צעטלעך זיינען אויך גילטיג. דער וויילער דאַרף נאָר געדענקען פאָלגענדעס: מען טאָר ניט אַריינלעגען אין אַ קאָנווערט מער ווי איין צעטיל; דער קאָנווערט מוז דורכאויס זיין דער געשטעמפּעלטער קאָנווערט פון דער וואַל-קאָמיסיע; די נומער דאַרף מען אויסקשטעלען אָדער אויסשרייבען אַזוי, אַז מען זאָל זי קאָנען ליינען (למשל, אויב איינער וועט אויסקשטעלען אַ „7", וואָס איז געגליכען צו אַ „1", וועט מען פּסל'ענען אַזאַ צעטיל). קיין שום זייטיגע זאַכען טאָר מען אויפ'ן וואַל-צעטיל ניט שרייבען און ספּעציעל איז פאַרבאָטען זיך אונטערצושרייבען אויפ'ן צעטיל, — עס דאַרף שטיין אין צעטיל נאָר די נומער, און אַלס צוגאָב דערצו מעג מען אויסשרייבען אָדער אָבדרוקען די גאַנצע קאַנדידאַטען-ליסטע פון דער זעלבער נומער. מער טאָר מען קיין שום זאַך ניט שרייבען, און וואָס אָנבעלאַנגט דער קאַנדידאַטען-ליסטע, מוז מען זי שרייבען און דרוקען ווי זי שטייט אין גאַנצען. טאָמער וועט איינער אַ קאַנדידאַט פעהלען אין צעטיל, אָדער אָנשטאָט איינעם אַ קאַנדידאַט וועט זיין אָנגערופען אַ קאַנדידאַט פון אַן אַנדער ליסטע, — איז דאָס וואַל-צעטיל פּסול: קיין שום שטימע פון עטליכע ליסטעס ווערט ניט דערלאָזען, לויט אונזערע וואַל-כללים.

ווי געזאָגט, וועט די אָבשטימונג דויערן דריי טעג, און דער וויילער איז אין משך פון די דריי טעג פריי צו קומען ווען ער וויל. ס'איז אָבער העכסט געוואונשען, אַז מען זאָל ביז דער לעצטער מינוט ניט וואַרטען און מ'זאָל וואָס פריהער קומען צו דער אָבשטימונג. ווער ווייס, וואָסער אַ שטערעניש ס'קאָן זיך מאַכען דעם לעצטען טאָג, און דער וויילער וועט שוין ניט אימשטאַנד זיין קומען צו דער קלפּי, היינט, אויב

אַלע װעלען װאַרטען ביז׳ן לעצטען טערמין, קאָן לסוף װערען אַ טומעל
און געדראַנג אין װאַל=שטוב, און דאָס קאָן שטערען די װאַלען.

נ ײַ ן אַזײגער אין אָװענד דעם דריטען טאָג איז דער לעצטער
טערמין אויף אָפּצוגעבען אַ שטים, — װער עס האָט צו דעם טערמין פאַר=
שפּעטיגט, יענעמס שטים איז פאַרפאַלען. נײַן אין אָװענד, הייסט עס,
לאָזט מען מער קיינעם ניט אַרײַן אין װאַל=שטוב, און נאָכדעם, װי דער
לעצטער װײלער, װאָס געפינט זיך אין שטוב, האָט דערלאַנגט זײַן צעט=
טיל, פאַר׳חתמ׳עט מען דאָס װאַל=קעסטיל, אַקוראַט אַזױ, װי מען האָט
עס געטאָן די ערשטע צװײ טעג אין אָװענד (די פּרטים, װי אַזױ מען
דאַרף פאַר׳חתמ׳ענען די װאַל=קעסטלעך, שטייען געשריבען אין די ער=
קלערונגען צו די װאַל=כּללים, §§ 24,21). אויף מאָרגען עפענט מען
אויף די װאַל=קעסטלעך און ס׳הויבט זיך אָן דאָס צ ײ ל ע ן די שטימען.

סײַ בשעת דער אָפּשטימונג, סײַ בײַם אויסצײלען די שטימען, איז
די זיצונג פון דער װאַל=קאָמיסיע אַן׳עפענטליכע, ד. ה. יעדער מעג אַרײַנ=
קומען און זיך צוקוקען װאָס ס׳טוט זיך. ס׳איז אפילו געװאונשען, אַז אין
װאַל=שטוב זאָל מען ספּעציעל אַװעקשטעלען שטולען אָדער בענק,
בכלל, מאַכען אַן׳אָרט פאַר׳ן פּובליקום. אָבער אַרײַנמישען זיך אין די
װאַלען, אַ דעה זאָגען, — דאָס טאָרען ניט די זײַטיגע מענשען.

בײַם אויסצײלען די שטימען דאַרף מען קודם כּל איבערצײלען
די קאָנװערטען פון קעסטיל. ס׳דאַרף זײַן דוקא אַזױפיל קאָנװערטען, װי=
פיל נעמען מען האָט אויסגעמעקט אין דער װאַל=רשימה, ד. ה. װיפיל
װײלער ס׳האָבען אָפּגעגעבען זײערע שטימען. אויב קאָנװערטען געפינט
מען מער אָדער װײניגער, דאַרף מען עס פאַרשרײַבען אין פּראָטאָקאָל.
בכלל דאַרף מען אין פּראָטאָקאָל אַרײַנשרײַבען אַלץ, װאָס ס׳איז גע=
שעהען בשעת דער אָפּשטימונג אָדער בײַם אויסצײלען די שטימען.
בשעת מען צײלט איבער די קאָנװערטען — נומערירט מען זײ. דערנאָך
עפענט מען אַלע קאָנװערטען און מען נעמט אַרויס די װאַל=צעטלעך.
איצט איז די צײַט צו באַטראַכטען װאָסערע צעטלען זײַנען גילטיגע און
װאָסערע ניט. טאָמער ענטשטײט אין דער קאָמיסיע אַ חלוקי=דעות מכּח
אַ צעטיל, מאַכט מען אַן׳אָפּשטימונג, און די מערהײט באַשליסט, צי
זאָל מען פּסל׳ענען דעם צעטיל אָדער ניט. אַלע גע׳פּסל׳טע װאַל=צעט=
לעך לײגט מען אַװעק אָן אַ זײַט, מען צײלט זײ צונויף און פאַרשרײַבט
אין פּראָטאָקאָל, װיפיל צעטלעך מען האָט גע׳פּסל׳ט און פאַרװאָס. װאָס
אָנבעלאַנגט די גילטיגע צעטלעך — געװײנליך, זײַנען דאָס די מײַסטע—
איז קלאָר, װאָס מען טוט מיט זײ. מען לײגט זײ פונאַנדער אויף קופּ=

קעלעך, אין יעדער קופּקעלע צעטלעך מיט איין און דער זעלבער נו־מער, און דערנאָך איז עס אַ קליינינקייט צונויפצוציילען, וויפיל שטימען יעדע נומער האָט באַקומען.

אָט אַזוי באַקומט מען די אונטערשטע שורה פון דער אָפּשטי־מונג אין דעם וואַל־פּונקט. די צאָל שטימען, וואָס יעדע קאַנדידאַטען־ליסטע האָט באַקומען, פאַרשרייבט מען פּינקטלעך אין פּראָטאָקאָל, די וואַל־צעטלעך לייגט מען אַריין אין באַזונדערע קאָנווערטען, און די אַלע מאַטעריאַלען דאַרף מען דעם זעלביגען טאָג אָפּשיקען אין קרייז־וואַל־ביוראָ.

אין קרייז־וואַל־ביוראָ קומען אָן די מאַטעריאַלען פון אַלע פּונק־טען, וואָס געפינען זיך אין וואַל־קרייז. דאָס וואַל־ביוראָ קאָנטראָלירט די צוגעשיקטע מאַטעריאַלען און רעכענט צונויף די שטימען, וואָס זיינען אָפּגעגעבען פאַר יעדער קאַנדידאַטען־ליסטע אין גאַנצען קרייז. נאָכדעם טיילט מען פונאַנדער די מאַנדאַטען, ווי מען איז זיך נוהג ביי פּראָפּאָר־ציאָנעלע וואַלען, און דערמיט זיינען די וואַלען געענדיגט. די געוויילטע באַקומען יעדערער זיין מאַנדאַט פון דעם וואַל־ביוראָ. אַלע מאַטעריאַלען דאַרף מען אָפּשיקען אין הויפּט־וואַל־ביוראָ — און דער אַלרוסלענדישער צוזאַמענפאָר וועט אַליין זאָגען דאָס לעצטע וואָרט: ער וועט קאָנטראָלי־רען דעם גאַנג פון די וואַלען און וועט באַשטעטיגען די וואַלען.

ז.

## ווי אזוי וועט מען פארטיילען די מאנדאטען?

מיט'ן פאַרטיילען די מאַנדאַטען וועלען זיך פאַרנעמען די קרייז־וואַל־ביוראָס. נאָר כדי דער ווילער זאָל זיך באַוואוסטזיניג באַטייליגען אין די קומענדיגע וואַלען, דאַרף יעדער וויסען, וואָס וועט זיין מיט דער שטים זיינער, וואָס וועט אַרויסקומען פון דער אָפּשטימונג.

ס'שטייט אין די כללים, אַז די אַלגעמיינע צאָל דעלעגאַטען פון יעדען וואַל־קרייז וועט מען פונאַנדערטיילען צווישען די קאַנדידאַטען־ליסטעס לויט דער צאָל שטימען, וואָס יעדע ליסטע וועט באַקומען. ווייטער שטייט געשריבען, אַז ביים מאַכען דעם חשבון וועט מען זיך נוהג זיין לויט „דאָנט'ס שיטה". פאַרוואָס עפּעס, פרעגט זיך, דאַרף מען דאָ האָבען גאַנצע חשבונות, און אין וואָס באַשטייט דער שכל פון דאָנט'ס שיטה?

לאָמיר אַפריהער באַטראַכטען אַ פּשוט'ן סוחר'ישען חשבון פון

פּראָפּאָרציאָנעלער איינטיילונג. דריי יודען האָבען געקויפט צוזאַמען 100
שטיק שניט־סחורה, פאַר 30 טויזענד רובל. נאָכדעם איז ביי זיי געוואָ־
רען אויס שותפות און מ'האָט זיך געדאַרפט טיילען. וויפיל געלט יע־
דער פון די דריי האָט אַריינגעלעגט אין געשעפט, אַזאַ חלק, אַזאַ פּאָר־
ציע האָט אים געקומט פון דער סחורה. לאָמיר זאָגען, אַז דער ער־
שטער האָט געהאַט געגעבען 8000 רובל, דער צווייטער 6800, דער
דריטער 5200 רובל. דעמאָלט מאַכען מיר די פּראָפּאָרציאָנעלע טיילונג
אַזוי: היות ווי אַ שטיק סחורה קאָסט 200 רובל, קומט דעם ערשטען
(8000:200)—40 שטיק סחורה, דעם צווייטען (6800:200)—34
שטיק, און דעם דריטען (5200:200)—26 שטיק, און פאַרטיג, פאַנאַנ־
דערגעטיילט פּראָפּאָרציאָנעל די 100 שטיק סחורה.

אָדער אַזאַ ביישפּיל. לאָמיר אָננעמען, אַז דער ערשטער האָט
זיך טאַקי אין דערזעלבער קניה פון 100 שטיק שניט־סחורה בעטיי־
ליגט מיט 8100 רובל, דער צווייטער מיט 5150 רובל, דער דריטער
מיט 6750 רובל. דעמאָלט וועט דער חשבון ווייזען, אַז דעם ערשטען
קומט (1800:200)—40½ שטיק סחורה, דעם צווייטען (5150:200)־
25 מיט דריי פערטיל שטיק, דעם דריטען (6750:200)—32 מיט
דריי פערטיל שטיק סחורה. מיר מוזען, הייסט עס, נעמען צוויי שטיק
סחורה און שניידען אויף חלקים, כדי יעדערן פון די שותפים צו געבען
ריכטיג זיין טייל. נאָר דאָס איז ניט קיין בייז — מיר האָבען דאָך צו
טון מיט שניט־סחורה. אָבער זאָל זיך אייך דוכטען, אַז אונזערע דריי
שותפים האָבען געהאַנדעלט ניט מיט שניט־סחורה, נאָר מיט שטיוועל,
און האָבען איינגעהאַנדעלט 100 פּאָר שטיוועל צו 200 רובל אַ פּאָר:
דעמאָלט איז קיין גאַנג ניט צו שניידען שטיוועל אויף שטיקער. מיר
וועלען דעם ערשטען שותף געבען 40 פּאָר שטיוועל, דעם צווייטען
25 פּאָר, דעם דריטען 33 פּאָר, און 2 פּאָר שטיוועל וועלען איבעריגע
בלייבען. אַ ריכטיגע פּראָפּאָרציאָנעלע איינטיילונג, וואָס זאָל זיין ריכטיג
ביז אויף אַ רובל, ווייסען מיר איצט ניט אימשטאַנד צו מאַכען מיט
די געקויפטע שטיוועל, — עס בלייבט אַ רעשטיל.

אָט די דאָזיגע רעשטלעך צופּלאָנטערן שטענדיג דעם חשבון
ביי פּראָפּאָרציאָנעלע וואַלען. וואָרום בעצם דאַרפען מיר ביי די וואַ־
לען חשבון'ען ריכטיג אַזוי ווי אין אונזער סוחר'ישען ביישפּיל. די צאָל
שטימען, וואָס יעדע קאַנדידאַטען־ליסטע האָט בעקומען, דאָס איז דער
קאַפּיטאַל זייערער. די מאַנדאַטען, די דעלעגאַטען — דאָס איז די „פּאָ־
ליטישע סחורה", וואָס אַלע ליסטעס האָבען בשותפות איינגעהאַנדעלט.

וואָס פאַר אַ פּאַרטיע שטימען יעדע ליסטע האָט, אַזאַ פּאַרטיע
דאַרף זי באַקומען מאַנדאַטען. לאָמיר אָננעמען, אַז אין די וואַלען פון
איינעם אַ וואַל=קרייז האָבען זיך באַטיילינט 20,000 וועלער, און אַז דער
קרייז האָט דאָס רעכט צו שיקען 100 דעלעגאַטען. קאַנדידאַטען=ליס=
טעם זיינען געווען בלויז דריי. די ליסטע № 1 האָט באַ=
קומען 8100 שטימען, די ליסטע № 2 — 5150 שטימען, № 3 —
6750 שטימען. דער השבון איז פּונקט דערזועלבער ווי מיט די שטיוועל,
להבדיל, דאָס הייסט, די ליסטע № 1 באַקומט 40½ מאַנדאַטען,
№ 2 — 25 מיט 3 פערטיל מאַנדאַטען און № 3 — 33 מיט 3 פערטיל
מאַנדאַטען. קיין חלק מאַנדאַט קאָן ניט געמאָלט זיין, ווייסען מיר אַלזאָ
ניט צו פאַרטיילען 98 מאַנדאַטען, און עס פרעגט זיך, וואָס זאָלען מיר
טון מיט די איבעריגע צוויי? אין דעם פאַל מיט די שטיוועל האָבען
די סותרים, פאַרשטייט זיך, דעם קאָפּ זיך לאַנג ניט געבראָכען, — איינער
האָט צוגענומען די אויסען=געבליבענע צוויי פאָר, אויסגעצאָלט די שותפים,
וואָס עס קומט זיי, און אַן עק. מיט די מאַנדאַטען גייט ניט אַזוי, מיט
מאַנדאַטען טאָר מען ניט האַנדלען, — די אָפּשטימונג האָט אויסגעדריקט
דעם ווילען פון די וועלער און דערין טאָרען מיר קיין האָר ניט מינערן!
ווי=זשע זאָל בלייבען מיט די רעשטלעך?

אין דער ווירקליכקייט איז די מעשה מיט די רעשטלעך נאָך אַ סך
וויכטיגער, ווי אין דעם אָקאָרשט באַשריבענעם פאַל. מילא אַז אַ ליסטע
האָט שוין 40 אָדער 33 מאַנדאַטען, איז ניט אַזוי וויכטיג, צי זי וועט
בעקומען נאָך איין מאַנדאַט אָדער ניין. אין דער ווירקליכקייט איז מאַנ=
דאַטען פאַראַן ניט 100, נאָר אַן ערך 10—20, ליסטעם דאַרפען קאָנ=
קורירען ניט 3, נאָר אַ סך מער. אַ ליסטע באַקומט געוויינליך אַ 2—
3 מאַנדאַטען, און ביי אַט אַזאַ איינטיילונג האָט יעדער איינציגער מאַנ=
דאַט אַ פולע וואָס צו זאָגען. מען מוז דעריבער ווי קליגען און אַרויס=
געפינען אַ מיטעל, ווי אַזוי ביושר'דיג צו פאַרטיילען די מאַנדאַטען, און
עס זאָל קיין איין מאַנדאַט ניט אויסען=בלייבען.

פשוט'ער פאַר אַלץ איז צו טון אַזוי, ווי מען האָט זיך נוהג
געווען איצט אין רוסלאַנד, בעת די שטאָטישע וואַלען. מען פלעגט
פאַרגלייכען די רעשטלעך, און וועמ עס האָט געהאַט די גרע=
סערע, דער איז זוכה געווען צו באַקומען דעם מאַנדאַט. אין
אונזער לעצטען ביישפּיל זיינען די גרעסטע רעשטלעך געווען דריי
פערטיל און דריי פערטיל, בכן איז די אונטערשטע שורה אַזאַ: ליסטע
№ 1 — 49 מאַנדאַטען, № 2 — 26 מאַנדאַטען, № 3 — 34 מאַנדאַטען,

דאָס איז אַ העכסט פּראָסטער אופן צו חשבונ'ען, נאָר קיין גוטס קומט דערפון ניט אַרויס, — עס קאָן טרעפען ביי אָט דעם אַרט חשבון, אַז די אונטערשטע שורה איז ווייט פון זיין פּראָפּאָרציאָנעל. הא־ראיה, לאָמיר האָבען אין אַ וואַל־קרייז מיט 20 דעלעגאַטען אָפּגעגעבענע 20 טויזענט שטימען. די ליסטע № 1 האָט באַקומען 8050 שטימען, № 2 — 5000, № 3 — 6950 שטימען, צו איין מאַנדאַט געהערען איצט 2000 שטימען. בכן קומט דער ליסטע № 1 — 4 מאַנדאַטען (און אַ רעשטיל בלייבט 50 שטימען), דער ליסטע № 2 — 2 מאַנדאַטען (אַ רעשטיל בלייבט 1000 שטימען), דער ליסטע № 3 — 3 מאַנדאַטען (אַ רעשטיל 950 שטימען). איין מאַנדאַט איז אויסגעבליבען, און היות ווי № 2 האָט דאָס גרעסטע רעשטיל — 1000 שטימען, — קומט אים דער מאַנדאַט. אינגאַנצען האָט איצט די ליסטע № 2 דריי מאַנדאַטען. דאָס הייסט, די ליסטע № 2 האָט אַקוראַט אַזוי פיל מאַנדאַטען, ווי די ליסטע № 3, הגם די לעצטע ליסטע האָט מיט 1950 שטימען מער.!

ס'קאָן זיך מאַכען נאָך ערגער. זאָל זיך אונז דוכטען, אַז אין אַ וואַל־קרייז מיט 3 דעלעגאַטען זיינען געווען 30 טויזענט שטימען. די ליסטע № 1 האָט 15 טויזענט שטימען, № 2 — 9 טויזענט, № 3 — 6 טויזענט. אויף 10 טויזענט שטימען קומט איצט 1 מאַנדאַט. בכן באַקומט דערווייל איין מאַנדאַט נאָר די ליסטע № 1, און עס גייט אַוועק די סדרה רעשטלעך: № 1 האָט אַ רעשטעל פון 5000 שטימען, № 2 אַ רעשטיל פון 9000, № 3 אַ רעשטיל 6000. היות ווי די גרעסערע רעשטלעך זיינען 9000 און 6000, מוזען מיר געבען איין מאַנדאַט דעם № 2 און איינעם דעם № 3. די אונטערשטע שורה איז, אַז אַלע דריי ליסטעס האָבען באַקומען צו איין מאַנדאַט! וואו־זשע איז דער יושר?

לאַנג האָט מען ניט געוואוסט וואָס צו טון, ביז וואַנען דער בעלגישער געלערנטער ד'אָנט איז ניט געפאַלען אויפ'ן ריכטיגען שכל. דער כלל, לויט וועלכען ער הייסט זיך נוהג זיין, איז פאָלגענדער: אַ ליסטע באַקומט אַ מאַנדאַט ערשט דעמאָלט, אויב זי באַווייזט, אַז זי איז בילכער פאַר אַלע איבעריגע.

לאָמיר עס אויפקלערען מאַקי אויף אונזער ביישפּיל מיט 3 ליסטעס: 15, און 9 און 6 טויזענד שטימען. וועמען — פרעגט זיך — דאַרף מען אָפּגעבען דעם ערשטען מאַנדאַט? ס'איז קלאָר, אַז דער ליסטע № 1. וועמען קומט דער צווייטער מאַנדאַט? אויב מיר וועלען געבען דעם מאַנדאַט דער ליסטע № 1, וועט די דאָזיגע ליסטע האָבען בס"ה 2 מאַנדאַ־

טען, און ס'וועט אויסקומען ביי איר (15000:2)—7500 שטימען אויף א מאנדאט. № 2 האט אבער 9000 שטימען, און בכן קומט אים דער מאנדאט, ווארום № 3 האט דא נאר ווייניג שטימען (6000) און מוז אויסען בלייבען. וועמען קומט דער דריטער מאנדאט? אויב מיר וועלען אים געבען דער ליסטע № 1, וועט זי האבען 2 מאנדאטען, ד. ה. זי וועט האבען צו 7500 שטימען אויף א מאנדאט. אויב דער ליסטע № 2, וועט זי אויך האבען 2 מאנדאטען און עס וועט אויסקומען ביי איר (9000:2)—4500 שטימען אויף א מאנדאט. 7500 איז מער פאר 6000 און פאר 4500, בכן קומט דער דריטער מאנדאט דער ליסטע № 1. די אונטערשטע שורה איז, אז № 1 האט 2 מאנדאטען, № 2 — 1 מאנדאט, № 3 גארניט. אט די דאזיגע איינטיילונג האט אין זיך מער יושר ווי די פריהערדיגע.

דער שכל פון דער איינטיילונג איז דאסזעלבע ווי פון א ליציטאציע: ווער עס קאן מער אנבאטען, ביי יענעם בלייבט די סחורה, די צאל שטימען — דאס איז דער פאליטישער קאפיטאל פון יעדער ליסטע, און די מאנדאטען — דאס איז די פאליטישע סחורה.

כדי בעסער צו פארשטיין דאנט'ס שיטה, לאמר נעמען א ביישפיל מיט 5 ליסטעס. 186 טויזענט שטימען האט מען אפגעגעבען אין א וואל-קרייז, וואס האט 6 דעלעגאטען, און די שטימען האבען זיך פאנאנדערגעטיילט אזוי: № 1—66000, № 2—17000, № 3 — 73000, № 4 — 21000, № 5 — 9000. כדי מיר זאלען זיך ניט פארפלאנטערן, איז בעסער אויסצושרייבען די צאל שטימען לויט דער גרייס:

| № 3 | № 1 | № 4 | № 2 | № 5 |
|---|---|---|---|---|
| 73000 | 66000 | 21000 | 17000 | 9000 |

השבון'ען דארפען מיר איצט אזוי: דער № 3 האט די מייסטע צאל שטימען, בכן קומט אים דער ערשטער מאנדאט. וועמען אפגעבען דעם צווייטען מאנדאט? אויב דער ליסטע № 3, וועט זי האבען צוויי מאנדאטען און אויף יעדער מאנדאט אירען וועט אויסקומען (73000:2)—36500 שטימען. בכן איז בילכער דער № 1 מיט 66000 שטימען און דערווייל אן איין מאנדאט. וואס אנבאלאנגט די איבעריגע ליסטעס, האבען זיי אזוי קנאפ שטימען אז מיר לאזען זיי דערווייל אויסער באטראכט און גיבען אפ דעם צווייטען מאנדאט דער ליסטע № 1. וועמען קומט דער דריטער מאנדאט? אויב

מיר וואלען אפגעבען דעם מאנדאט דער ליסטע № 3, וועט זי האבען 2 מאנדאטען און וועט פארמאגען צו 36500 שטימען אויף א דעלעגאט. די ליסטע № 1 פארמאגט צו „באצאלען“ פאר איין מאנדאט 2:66000— 33000 שטימען ד. ה. וויינינגער, און בכן באקומט דעם מאנדאט די ליסטע № 3. דערזעלבער חשבון ווייזט, אז דער פערטער מאנדאט קומט דער ליסטע № 1. וואס צו טאן מיט'ן פינפטען מאנדאט? אויב מיר וואלען איהם איינטיילען דער ליסטע № 3, וועט זי האבען בס"ה 3 דעלעגאטען, ד. ה. אויף א דעלעגאט וועט זי פארמאגען (73000:3)—24233 שטימען. די ליסטע № 1, אז ב מ'זאל איר אבגעבען דעם 5-טען מאנדאט, וועט פארמאגען אויף א דעלעגאט (66000:3)—22000, ד. ה. וויינינגער. דעם פינפטען מאנדאט באקומט די ליסטע № 3, דעם זעקסטען — די ליסטע № 1, ווארום די איבעריגע ליסטעס האבען ווייניגער שטימען ווי 22 טויזענד.

ס'איז א לאנגע מעשה אזוי צו זיצען און באטראכטען, וואס צו טון מיט יעדען מאנדאט, און מיר האבען אויספירליך באהאנדעלט דעם ביישפיל נאר כדי אויפצוקלערען די זאך. דאנט'ס שיטה האט די מעלה, וואס עס איז ניט נויטיג יעדעס מאל אנקומען צו די לאנגע באטראכטונגען. עס איז פאראן א כלל, ווי אזוי צו מאכען דעם חשבון „אויף איין פוס“. דער כלל איז פאלגענדער:

די צאל שטימען, וואס זיינען אין גאנצען אין וואל-קרייז אפגעגעבען געווארען פאר יעדער קאנדידאטען-ליסטע, ווערט געטיילט כסדר אויף 1, 2, 3, 4 א. אז. וו. פון די טייל-צאלען וואס מ'באקומט דערביי ווערט מען אויס די גרעסטע, ביז וואנען מען האט ניט אזוי פיל צאלען, וויפיל דעלעגאטען דער וואל-קרייז שיקט צו דעם צוזאמענפאר. די דאזיגע טייל-צאלען שרייבט מען לויט זייער גרייס נאך, אנהויבענדיג פון דער גרעסטער. די לעצטע פון די טייל-צאלען הייסט „וואל-צאל“. כדי צו דער גיין, וויפיל דעלעגאטען ס'באקומט יעדע קאנדידאטען-ליסטע, דארף מען די צאל שטימען פון דער ליסטע טיילען אויף דער „וואל-צאל“.

דאס נאר. אין אונזער ביישפיל האבען מיר אנצושרייבען נאר אט וואס:

| | № 3 | № 1 | № 4 | № 2 | № 5 |
|---|---|---|---|---|---|
| 1: | 73000 | 66000 | 21000 | 17000 | 9000 |
| 2: | 36500 | 33000 | 10500 | 8500 | 4500 |
| 3: | 24333 | 22000 | 7000 | 5666 | 3000 |

זעקס גרעסטע טייל־צאלען זיינען 73000, 66000, 36500, 33000, 24333, 22000. די לעצטע צאל (22000) איז די „וואל־צאל", און בכן זעהען מיר גלייך, אז די ליסטע № 3 באקומט (73000:22000)—3 מאנדאטען און די ליסטע № 1 באקומט (66000:22000)—3 מאנדאטען.

ס'איז געדרונגען פון די ביישפילען, אז דאנט'ס שיטה גיט א ריכטיגע און ביושר'דיגע איינטיילונג און צווייטענס, אז ס'ווערען גלייך פארטיילט אלע מאנדאטען. ס'זיינען ניטא דא קיין איבערגעבליבענע מאנדאטען. זאל דער לעזער נעמען וואסער ביישפיל ער וויל, און ער וועט זיך אין עטליכע מינוט איבערצייגען, אז דאס איז באמת אזוי — אלע מאנדאטען ווערען מאקי פארטיילט.

קיין רעשטלעך פון מאנדאטען זיינען מער ניטא, אבער רעשטלעך שטימען בלייבען נאך אלץ. דאס ליגט בטבע פון דער פראפארציאנעלער איינטיילונג, אז ווי באלד ס'גיט ניט אנדערש ווי גאנצע מאנדאטען, מוזען זיין רעשטלעך שטימען. אין אונזער לעצטען ביישפיל האט די ליסטע № 3 — 6 טויזענד איבערגעבליבענע שטימען, די ליסטע № 4—21 טויזענט, № 2—17 טויזענט, № 5—9000. לויט די וואל־כללים צום יודישען צוז. וועלען די דאזיגע רעשטלעך אויך ניט גיין לאבוד. אויף ווי ווייט ס'וועלען בלייבען רעשטלעך שטימען ביי די קאנדידאטען־ליסטעס, וואס אין גאנץ רוסלאנד האבען זיי איין און דעמזעלבען נומער, וועט מען מאכען א סך־הכל פון די דאזיגע רעשטלעך פאר יעדער נומער באזונדער. פראפארציאנעל צו די דאזיגע סך־הכל'ס (ד. ה. צו דעם סכום איבערגעבליבענע שטימען פון יעדער נומער אין גאנץ רוסלאנד) וועט דאס הויפט־וואל־ביורא פארטיילען 40 ספעציעלע מאנדאטען. דערביי וועט מען זיך אויך נוהג זיין לויט דאנט'ס שיטה, אקוראט ווי דאס וואלט געווען אן עקסטרא וואל־קרייז, וואס זיין שטח איז גאנץ רוסלאנד. די פעולה וועט זיין, אז אויף ווי חיים די אונטערשטע שורה אין די איינצעלנע וואל־קרייזען וועט אפשר צופעליג זיין ניט גאר פראפארציאנעל, וועלען די צוגעגעבענע מאנדאטען אויסגלייכען דעם חסרון, און יעדע פארטיי וועט אויפ'ן צוזאמענפאר ווירקליך האבען אזא צאל דעלעגאטען, ווי עס וועט איר קומען פראפארציאנעל צו דער צאל אירע אנהייגער אין גאנצען לאנד.

---